לִבְהֵמָה? אָסוּר מִשּׁוּם כִּלְאַיִם, עִם הַחַיָּה וְעִם הַבְּהֵמָה, הַכּוֹתֵב חַיָּתוֹ וּבְהֶמְתּוֹ לִבְנוֹ, לֹא כָתַב לוֹ אֶת הַכּוֹי, אִם אָמַר הֲרֵינִי נָזִיר שֶׁזֶּה חַיָּה, אוֹ בְהֵמָה, הֲרֵי הוּא נָזִיר. וּשְׁאָר כָּל דְּרָכָיו שָׁוִים לַחַיָּה וְלַבְּהֵמָה, וְטָעוּן שְׁחִיטָה כָּזֶה וְכָזֶה, וּמְטַמֵּא מִשּׁוּם נְבֵלָה, וּמִשּׁוּם אֵבֶר מִן הַחַי, כָּזֶה וְכָזֶה:

# פרק ג.

**א** כֵּיצַד מַפְרִישִׁין הַבִּכּוּרִים? יוֹרֵד אָדָם בְּתוֹךְ שָׂדֵהוּ וְרוֹאֶה תְאֵנָה שֶׁבִּכְּרָה, אֶשְׁכּוֹל שֶׁבִּכֵּר, רִמּוֹן שֶׁבִּכֵּר קוֹשְׁרוֹ בְגֶמִי וְאוֹמֵר, הֲרֵי אֵלּוּ בִכּוּרִים.

און ניט צו א בהמה? אסור, ער איז אסור צוליב כלאים סיי מיט א חיה און סיי מיט א בהמה. **מען טאָר אים ניט איינשפּאַנען צו דער ארבייט ניט מיט א חיה און ניט מיט א בהמה, ווייל עס איז כלאים, איין מין מיט אן אנדערן מין. זע וועגן דעם איז מסכתא כלאים פּרק ח׳.** הכותב, אז איינער שרייבט אָפּ (אלס מתנה) צו זיין זון די חיה און די בהמה, וואָס ער פאַרמאָגט, האָט ער אים ניט אָפּגעשריבן דעם כוי. **מחמת אין דער דאָזיקער זאַך ווערט ער ניט גערעכנט ניט אלס א חיה און ניט אלס א בהמה.** אם אמר, אויב איינער האָט געזאָגט: „איך זאָל זיין אַ נזיר אויב דאָס (דער כוי) איז אַ חיה צי א בהמה״, איז ער א נזיר. **אויב איינער זאָגט וועגן זיך, אז ער זאָל זיין א נזיר טאָר ער 30 טעג ניט טרינקען קיין וויין, ניט אָפּשערן זיך די האָר און ניט מטמא זיין זיך צו מתים. זאָגט די משנה, אז ער איז א נזיר. די מפרשים זאָגן, אז ער איז א נזיר אפילו ער האָט געזאָגט אויב דער כוי איז ניט קיין חיה און ניט קיין בהמה.** ושאר, און אין אלע זיינע איבריקע זאכן איז ער גלייך צו א חיה און צו א בהמה, און מען דאַרף אים שעכטן ווי די און ווי יענע (ווי די חיה און ווי די בהמה), און ער איז מטמא ווען ער איז א נבלה און מען טאָר ניט פון אים עסן אן אבר ווען ער איז לעבעדיק, ווי די און ווי יענע (ווי א חיה און ווי א בהמה). **די משנה פּירט דאָ א דורך דעם כלל, אז ווייל וועגן דעם כוי איז א ספק, צי ער איז א חיה צי א בהמה, איז ממילא אלע זאכן, וואָס מען איז מחויב אָפּצוהיטן סיי ביי א חיה און סיי ביי א בהמה, דאַרף מען די ביים כוי אודאי אָפּהיטן. און די משנה רעכנט זיי דאָ אויס (ניט אלע, נאָר א טייל פון זיי): אויב מען וויל עסן זיין פלייש מוז מען אים שעכטן; אויב ער פּגר׳ט, הייסט ער א נבלה און אז ווען מען רירט אים אָן ווערט מען טמא; ווען מען רייסט אָפּ אן אבר צי א שטיקל פלייש ווען ער לעבט, טאָר מען עס ניט עסן, ווייל עס איז אבר מן החי. — די אלע משנות פון ו׳ אָן ביז צום סוף פון דאָזיקן פּרק זענען דאָ געלערנט געוואָרן, ווייל זיי זענען ענליך צו די פריערדיקע משנות אין פּרק וועגן בכורים, וואָס איז אין טייל זאכן גלייך צו תרומה און אין טייל זאכן צו מעשר, און אין טייל זאכן צו ביידע, און אין טייל צו ביידע ניט.**

## פרק ג.

א. כיצד מפרישין הבכורים. ווי אזוי שיידט מען אָפּ בכורים? **אין די ערשטע משנות פון דאָזיקן פּרק ווערט דערציילט, ווי אזוי עס איז פאָרגעקומען דאָס אָפּשיידן די בכורים, דאָס פירן קיין ירושלים בציבור, אַ גאַנצע מחנה לאַנדווירטן צוזאַמען, דער קבלת פּנים אין ירושלים און אין בית המקדש.** יורד, אז א מענטש גייט אריין אין זיין פעלד און זעט א פייג, וואָס איז געוואָרן פרי צייטיק, א הענגל ווייַנטרויבן, וואָס איז געוואָרן פרי צייטיק, א מילגרוים וואָס איז געוואָרן פריצייטיק, בינדט ער עס ארום מיט א גראָז־ריטל און ער זאָגט: „דאָס זאָל זיין בכורים״. **די משנה זאָגט, אז דעם נאָמען בכורים האָט מען געגעבן די פרוכטן, ווען זיי זענען נאָכניט געווען אָפּגעריסן.** מען האָט די דאָזיקע ערשטע פרוכטן ארומגעבינדן מיט שטיקלעך גראָז („גמי״ פון וואָרט „גומא״ אין תנך, א וואסער־גראָז), כדי מען זאָל זיי שפּעטער דערקענען. דאָס

ר' שמעון אומר, אף על פי כן חוזר וקורא אותם בכורים מאחר שיתלשו מן הקרקע: ב כיצד מעלין את הבכורים? כל העירות שבמעמד מתכנסות לעיר של מעמד, ולנין ברחובה של עיר, ולא היו נכנסין לבתים, ולמשכים היה הממנה אומר, קומו ונעלה ציון אל בית ה' אלהינו: ג הקרובים מביאין התאנים והענבים, והרחוקים מביאין גרוגרות

וואָרט „שדה", א פעלד" איז אין א סך ערטער אויך דער טייטש א פרוכטן־ביימער־גאָרטן. „יורד", „אראָפּגייען" ווערט באנוצט אָפּט אין דער משנה אנשטאט „אריינגייען" אין פעלד, ווייל געוויינטליך זענען די הייזער צום וואוינען געשטאַנען אויף בערגלעך, און די פעלדער זענען געווען אין טאָל. ור' שמעון, און ר' שמעון זאָגט, אז פונדעסט־וועגן רופט ער זיי נאָכאמאָל אָן „בכורים" נאָכדעם ווי מען האָט זיי אָפּגעריסן פון דער ערד. ר' שמעון האַלט, אז דאָס א נאָמען געבן זיי „בכורים" דארף פאָרקומען, ווען די פרוכט איז אָפּגעריסן, און דעריבער כאָטש ער האָט די פרוכטן אָנגערופן „בכורים" ווען זיי זענען נאָך געווען באַהאָפטן צום בוים, דארף ער זיי א נאָמען געבן נאָכאמאָל נאָכדעם ווי זיי זענען געוואָרן אפּגעריסן.

ב. כיצד מעלין את הבכורים? ווי אזוי ברענגט מען ארויף די בכורים? דאָס פירן בכורים אין בית המקדש קיין ירושלים האָט געהייסן „ארויפברענגען" זיי, ערשטנס ווייל ירושלים איז העכער פון גרעסטן טייל פון ארץ ישראל, זי שטייט אין א בערגי־קער געגנט, און צווייטנס ווייל ירושלים איז געווען דאָס הייליקע הויכע אָרט, און אין תנך געפינט מען אָפּט דעם אויסדרוק פון „אויפגיין" („וקמת ועלית"), צום הייליקן אָרט (צום בית המקדש). כל העיירות, אלע שטעטלאך פון דעם מעמד האָבן זיך (די לאנדווירטן מיט זייערע בכורים) צונויפגעזאמלט אין דער שטאָט פון מעמד. מען איז געגאַנגען קיין ירושלים מיט די בכורים בחברותא, א סך לאנדווירטן פון איין געגנט צוזאמען. ווען דאָס בית המקדש איז געשטאַנען איז גאַנץ ארץ ישראל געווען איינגע־טיילט אין 24 טיילן, און יעדער טייל האָט געהייסן „מעמד", און יעדער מעמד האָט געשיקט שליחים קיין ירושלים צו זיין (צו „שטיין", „עמד", דערפון „מעמד") ביים מקריב זיין דעם קרבן תמיד ווען עס איז אויסגעפאַלן די וואָך פון דאָזיקן מעמד (זע אין מסכתא תענית פרק ד' משנה ב'). די הויפּט־שטאָט פון דעם מעמד האָט געהייסן „עיר של מעמד", „די שטאָט פון מעמד". זאָגט דאָ די משנה, אז די לאנדווירטן פון די דערפער. אין יעדן מעמד פלעגן קומען מיט זייערע בכורים אין דער הויפּט־שטאָט פון מעמד, ולנין, און זיי פלעגן נעכטיקן אין מארק־פלאַץ פון דער שטאָט, און זיי זענען ניט אריינגעגאַנגען אין קיין הייזער (נעכטיקן). מחמת טאָמער איז פאַראַן אין א הויז א חשש פון טומאה, און זיי קאָנען דאדורך טמא ווערן. בכורים פלעגט מען ברענגען מייסטנס באַלד נאָך שבועות (זע פריער פרק א' משנה ג') און דאמאָלס איז אין ארץ ישראל זייער וואַרים און עס פאַלט ניט קיין רעגן און דאָס נעכטיקן אין דרויסן, אויסער די הייזער, איז דעמאָלס פאַרשפּרייט אין לאנד. ולמשכים, און ווען עס איז אָנ־געקומען דער פרימאָרגן האָט דער עלטסטער (פון די לאנדווירטן) אויסגערופן: „קומו ונעלה ציון אל בית ה' אלהינו", „שטייט אויף און לאָמיר אויפגיין קיין ציון, צום הויז פון גאָט אונזער גאָט". פון דער משנה איז צו זען, אז די לאנדווירטן, וועלכע זענען געגאַנגען קיין ירושלים מיט די בכורים האָבן געהאַט איבער זיך א „ממונה", א פירער, און ער פלעגט זיי אויפוועקן גאַנץ פרי מיט דעם דערמאָנטן אויסרוף. „ולמ־שכים" איז דער טייטש „צום פרימאָרגן", ווען עס ווערט פרימאָרגן, און „משכים" איז דער טייטש „דער פרימאָרגן"; מיר געפינען אין הושע ו' „וכטל משכים הולך", „און ווי דער טוי פון פרימאָרגן פאַרשווינדט ער". דער אויסרוף איז א פסוק אין ירמיה ל"א פסוק ה' נאָר דאָרט פעלט דאָס וואָרט „בית". אין משניות פון ירושלמי איז אויך דאָ אין דער משנה ניט פאַראַן דאָס וואָרט „בית".

ג. הקרובים, די נאָנטע ברענגען פייגן און ווייַנטרויבן, און די ווייטע ברענגען

וְצִמּוּקִים. וְהַשּׁוֹר הוֹלֵךְ לִפְנֵיהֶם, וְקַרְנָיו מְצֻפּוֹת זָהָב, וַעֲטֶרֶת שֶׁל זַיִת בְּרֹאשׁוֹ. הֶחָלִיל מַכֶּה לִפְנֵיהֶם, עַד שֶׁמַּגִּיעִים קָרוֹב לִירוּשָׁלָיִם. הִגִּיעוּ קָרוֹב לִירוּשָׁלַיִם, שָׁלְחוּ לִפְנֵיהֶם וְעִטְּרוּ אֶת בִּכּוּרֵיהֶם, הַפַּחוֹת הַסְּגָנִים וְהַגִּזְבָּרִים יוֹצְאִים לִקְרָאתָם. לְפִי כְּבוֹד הַנִּכְנָסִים הָיוּ יוֹצְאִים. וְכָל בַּעֲלֵי אֻמָּנִיּוֹת שֶׁבִּירוּשָׁלַיִם עוֹמְדִים לִפְנֵיהֶם, וְשׁוֹאֲלִין בִּשְׁלוֹמָם, אַחֵינוּ אַנְשֵׁי מְקוֹם פְּלוֹנִי, בָּאתֶם לְשָׁלוֹם׃
ד הֶחָלִיל מַכֶּה לִפְנֵיהֶם עַד שֶׁמַּגִּיעִין

דאַרע פייגן און געטרוקנטע ווייַנטרויבן (ראָזינקעס). **די וועלכע האָבן געוואוינט נאָנט פון ירושלים האָבן געבראַכט די פייכטע פרוכטן, ווי פייכטע פייגן און ווייַנ־טרויבן, ווייל זיי זענען בעסערע פרוכטן. אָבער די לאַנדווירטן, וועלכע האָבן געוואוינט ווייט פון ירושלים האָבן געבראַכט געטרוקנטע פייגן און ראָזשינקעס, און כאָטש די דאַזיקע זענען ערגערע פרוכטן, אָבער זיי האַלטן זיך לענגער אין וועג.** והשור. און דער אָקס גייט־פאָרויס פאַר זיי. און זיינע הערנער זענען באַדעקט מיט גאָלד און א קרוין פון איילבירטן אויף זיין קאָפּ. **דער אָקס איז געווען אויף צו ברענגען אים א קרבן שלמים אין בית המקדש. די משנה דערציילט דאָ, ווי די גאַנצע חברותא בכורים־ברענגער זיינען געגאַנגען אין וועג, און ווי פאָרויס איז געגאַנגען דער אָקס, וועלכער איז געווען באַפּוצט.** החליל, דאָס פייפערל קלינגט פאָרויס פאַר זיי ביז זיי קומען נאָנט צו ירושלים. **אויפן וועג האָט דער מוזיק־אינסטרומענט „חליל" געקלינגען („מכה", „געשלאָגן") פאַר זיי ביז זיי זענען געקומען נאָנט צו ירושלים. וואָס מען מיינט מיט „חליל" איז ניט קלאָר. טייל זעצן עס איבער א „פייפער", און טייל מיינען, אז עס איז א „פלייט". טייל מפרשים האַלטן, אז „חליל" מיינט ניט בלויז איין פייפער, נאָר מען מיינט דערמיט א גאַנצע קאַפּעליע פון שפּילער אויף פייפלעך צי פלייטן, און דאָס וואָרט איז א „שם קיבוצי", ווי למשל „החיל" מיינט „דאָס מיליטער", דאָס הייסט א סך מענטשן.** הגיעו, ווען זיי זענען אָנגעקומען נאָנט צו ירושלים, האָבן זיי געשיקט שליחים (אין ירושלים מודיע צו זיין, אז זיי קומען אָן), און זיי האָבן באַפּוצט זייערע בכורים. **מיט „באַפּוצן" מיינט מען, אז זיי האָבן אַרויפגעלייגט אין דער הויך שיינע פרוכטן, און ווייטער אין משנה י' ווערט געלערנט ווי די באַפּוצונג דאַרף פאָרקומען.** הפחות, די הויכע שרים (פון די כהנים), און די שטעל־פאַרטרעטער און די שאַצמייס־טער (פון בית המקדש) גייען אַרויס זיי אַנטקעגן, לויט דעם כבוד פון די אָנקומענדיקע זענען זיי אַרויסגעגאַנגען. **דאָס וואָרט „פחות" צו באַצייכנען הויכע שרים איז פאַראַן אין תנך, און אין ירמיה נ"א (פסוק כ"ב) איז פאַראַן דער אויסדרוק „הפחות והסגנים". דאָ מיינט מען, די אָנגעזעהענע פירער פון די כהנים און פון די לויים. דער ירושלמי זאָגט, אז מיט „לויט דעם כבוד פון די אָנקומענדיקע" מיינט מען ניט „די חשיבות" פון די מענטשן, וואָס האָבן געבראַכט די בכורים, מחמת וועגן יידן איז ניט שייך צו זאָגן „גרויסע" און „קליינע", אלע זענען גלייך; נאָר מען מיינט דערמיט לויט דער צאָל פון די אָנקומענדיקע.** וכל בעלי, און אלע בעלי מלאכות אין ירושלים שטעלן זיך אויף פאַר זיי און באַגריסן זיי: „אונזערע ברידער, איינוואוינער פון דעם און דעם אָרט, קומט בשלום". **אין ארץ ישראל, וואו עס איז זומער קיינמאָל ניטאָ קיין רעגן, טוען בעלי בלאכות זייער אַרבייט אין דרויסן, פאַר דער טיר פון די וואוינונגען און וואַרשטאַטן. זאָגט די משנה, אז ווען די בכורים־ברענגער זענען אַריינגעקומען אין ירושלים פלעגן די בעלי מלאכות איבעררייסן זייער אַרבייט און באַגריסן זיי.**

ד. החליל, דער פייפער קלינגט פאָרויס פאַר זיי ביז זיי קומען אָן צום הר הבית (דעם באַרג פון בית המקדש). **אין ירושלים איז פאַראַן א באַרג אויף וועלכן דאָס בית המקדש איז געשטאַנען. דער באַרג האָט געהייסן „הר הבית"; אויף דעם באַרג איז געווען אָפּגעטיילט א פלאַץ אַרומגערינגלט מיט א מויער, און דער פלאַץ האָט גע־**

לְהַר הַבַּיִת, הִגִּיעוּ לְהַר הַבַּיִת, אֲפִילוּ אַגְרִיפַּס הַמֶּלֶךְ נוֹטֵל הַסַּל עַל כְּתֵפוֹ וְנִכְנָס עַד שֶׁמַּגִּיעַ לָעֲזָרָה, הִגִּיעַ לָעֲזָרָה, וְדִבְּרוּ הַלְוִיִּם בַּשִּׁיר, אֲרוֹמִמְךָ יְיָ כִּי דִלִּיתָנִי וְלֹא שִׂמַּחְתָּ אוֹיְבַי לִי: ה הַגּוֹזָלוֹת שֶׁעַל גַּבֵּי הַסַּלִּים הָיוּ עוֹלוֹת, וּמַה שֶּׁבְּיָדָם נוֹתְנִים לַכֹּהֲנִים: ו עוֹדֵהוּ הַסַּל עַל כְּתֵפוֹ, קוֹרֵא מֵהִגַּדְתִּי הַיּוֹם לַה' אֱלֹהֶיךָ עַד שֶׁגּוֹמֵר כָּל הַפָּרָשָׁה. ר' יְהוּדָה אוֹמֵר, עַד אֲרַמִּי אוֹבֵד אָבִי. הִגִּיעַ לַאֲרַמִּי אוֹבֵד אָבִי, מוֹרִיד הַסַּל מֵעַל כְּתֵפוֹ, וְאוֹחֲזוֹ בְשִׂפְתוֹתָיו, וְכֹהֵן מַנִּיחַ יָדוֹ תַחְתָּיו, וּמְנִיפוֹ, וְקוֹרֵא מֵאֲרַמִּי אוֹבֵד אָבִי עַד שֶׁהוּא גוֹמֵר כָּל הַפָּרָשָׁה, וּמַנִּיחוֹ בְּצַד הַמִּזְבֵּחַ,

**הייסן „עזרה", דער הויף פון בית המקדש.** הגיעו להר הבית, ווען זיי זענען אָנגעקומען צום בית המקדש־בארג נעמט אפילו דער קעניג אגריפס דעם קויש (מיט די בכורים) אויף זיין אקסל, און גייט אריין ביז ער קומט צו דער עזרה (בית המקדש־הויף). **אין די לעצטע יאָרן פון צווייטן בית המקדש זענען געווען אין ארץ ישראל צוויי יידישע מלכים מיטן נאָמען אגריפס (אגריפאס); אגריפאס דער ערשטער און אגריפאס דער צווייטער; דער ערשטער איז געווען א פאָטער פון צווייטן. די משנה דערציילט, אז יעדער איינער, וועלכער האָט געבראַכט בכורים, האָט געמוזט טראָגן דעם קויש מיט די בכורים אויף זיינע אַקסלען פון זינט ער איז ארויפגעקומען אויפן בית המקדש־בארג; אפילו אזא אדם חשוב ווי קעניג אגריפס האָט עס אויך געטאָן.** הגיע לעזרה, ווען ער (דער בכורים ברענגער) איז אָנגעקומען אין בית־מקדש־הויף, האָבן די לויים אָנגעהויבן זינגען שירה „ארוממך ה' כי דליתני ולא שמחת אויבי לי" (תהלים ל'), „איך וועל דיך גרויסן, גאָט, דערפאַר וואָס דו האָסט מיך אויפגעהויבן און דו האָסט ניט דערפרייט מיינע שונאים איבער מיר". **ווי מיר האָבן געלערנט שוין פריער אין פרק ב' משנה ד' האָבן די לויים אין בית המקדש געדאַרפן, ביים בכורים־ברענגען, זינגען שירה און די משנה דערציילט דאָ, אז די לויים האָבן געזינגען דעם מזמור אין תהלים ל'.**

ה. הגוזלות, די טויבן וואָס זענען געווען (אָנגעהאָנגען) ארום די קוישן האָט מען מקריב געווען אלס עולות און דאָס וואָס זיי האָבן געהאַט אין דער האַנט האָבן זיי (די בכורים־ברענגער) געגעבן צו די כהנים. **צוזאמען מיט די בכורים האָט מען מיט־געבראַכט טויבן מקריב צו זיין אויפן מזבח אלס קרבן עולה; דאָס איז דער קרבן, וואָס ווערט אינגאנצן פארברענט אויפ'ן מזבח, און מען עסט גאָרניט פון פלייש. וועגן דעם צווייטן טייל פון דער משנה „און דאָס וואָס זיי האָבן געהאַט אין דער האַנט" זענען פאראַן צוויי טייטשן. דער רמבם זאָגט, אז דאָס מיינט די טויבן, וואָס זיי האָבן גע־האַלטן אין דער האַנט; רשי אין מנחות נ"ח טייטשט, אז דאָס מיינט מען די קוישן מיט די בכורים.**

ו. עודהו, ווען דער קויש איז נאָך אויף זיין (דעם בכורים־ברענגער'ס) אקסל, ליינט ער (דער בכורים־ברענגער) פון „הגדתי היום לה' אלהיך" (דברים כ"ו) ביז ער פארענדיקט די גאַנצע פרשה. **דאָס איז דאָס „ליינען", וואָס ווערט דערמאָנט פריער אין פרק א' משנה א'. יעדער וואָס האָט געבראַכט דעם קויש מיט בכורים אין בית המקדש, האָט געדאַרפן ליינען די פרשה פון בכורים (דברים כ"ו).** ר' יהודה זאָגט, אז ביז „ארמי אובד אבי". הגיע, ווען ער איז צוגעקומען (ביים ליינען, צום פסוק) „ארמי אובד אבי", נעמט ער אראָפּ דעם קויש פון אקסל, און האלט אים ביים ראַנד (פון קויש), און דער כהן לייגט זיין האַנט אונטער אים (דעם קויש) און הייבט אים אויף, און ער (דער בכורים־ברענגער) ליינט פון „ארמי אובד אבי" ביז ער פארענדיקט די גאַנצע פרשה; און ער לייגט אים (דעם קויש מיט בכורים) אנידער

וְהִשְׁתַּחֲוָה וְיָצָא: ז בָּרִאשׁוֹנָה כָּל מִי שֶׁיּוֹדֵעַ לִקְרוֹת קוֹרֵא, וְכָל מִי שֶׁאֵינוֹ יוֹדֵעַ לִקְרוֹת, מַקְרִין אוֹתוֹ. נִמְנְעוּ מִלְּהָבִיא, הִתְקִינוּ שֶׁיְּהוּ מַקְרִין אֶת מִי שֶׁיּוֹדֵעַ וְאֶת מִי שֶׁאֵינוֹ יוֹדֵעַ: ח הָעֲשִׁירִים מְבִיאִין בִּכּוּרֵיהֶם בִּקְלָתוֹת שֶׁל כֶּסֶף וְשֶׁל זָהָב, וְהָעֲנִיִּים מְבִיאִין אוֹתָם בְּסַלֵּי נְצָרִים שֶׁל עֲרָבָה קְלוּפָה, וְהַסַּלִּים וְהַבִּכּוּרִים נִתָּנִים לַכֹּהֲנִים: ט רַבִּי שִׁמְעוֹן בֶּן נַנָּס אוֹמֵר, מְעַטְּרִין אֶת הַבִּכּוּרִים, חוּץ מִשִּׁבְעַת הַמִּינִים. ר' עֲקִיבָא אוֹמֵר אֵין מְעַטְּרִין אֶת הַבִּכּוּרִים, אֶלָּא מִשִּׁבְעַת הַמִּינִים: י ר' שִׁמְעוֹן אוֹמֵר, שָׁלֹשׁ מִדּוֹת בַּבִּכּוּרִים, הַבִּכּוּרִים וְתוֹסֶפֶת הַבִּכּוּרִים, וְעִטּוּר הַבִּכּוּרִים.

לעבן דעם מזבח און ער קניט־אנידער און גייט ארויס. **די משנה האָט דאָ געגעבן בפרטות, ווי אזוי דאָס ברענגען די בכורים אין בית המקדש איז פאָרגעקומען. דער „תוספות יום טוב" זאָגט אז ר' יהודה איז בפרש די ווערטער פון דער סתם משנה, און ער גיט דאָס די פרטים ווי אזוי עס איז פאָרגעקומען דאָס ליינען. מיט „והשתחוה", אנידערקניען, מיינט מען זיך אויסציען אינגאנצן אויף דער ערד (פישוט ידים ורגלים).**

ז. בראשונה, צוערשט (אין די ערשטע צייטן), ווער עס האָט געקאָנט אליין ליינען די פרשה (פון בכורים) האָט אליין געליינט; און ווער עס האָט ניט געקאָנט ליי־מען, האָט מען פאר אים פאָרגעליינט; האָבן מענטשן (וועלכע האָבן ניט געקאָנט ליינען), אויפגעהערט צו ברענגען בכורים (צוליב בושה); האָט מען מתקן געווען, אז מען זאָל פאָרליינען סיי פאר די וועלכע קאָנען און סיי פאר די וועלכע קאָנען ניט. **כדי ניט צו פארשעמען די וועלכע האָבן ניט געקאָנט, האָט מען איינגעפירט, אז א בעל קורא האָט פאָרגעליינט פאר יעדן איינעם.**

ח. העשירים, די רייכע ברענגען זייערע בכורים אין קוישן פון זילבער אָדער פון גאָלד; און די אָרימע לייט ברענגען זיי אין קוישן (געפלאָכטן) פון צווייגן פון אָפּ־געשיילטער ערבה, און די קוישן און די בכורים ווערן געגעבן צו די כהנים. **„קלתות", איז דאָס גריכישע וואָרט „קאלאטאָס", א געפלאָכטענער קויש. „ערבה" זענען די באקאנטע געוויקסן־ריטלעך, וועלכע מען נעמט סוכות צום לולב און אתרוג. די רייכע האָבן געבראכט אין קוישן געפלאָכטן (דער ברטנורא זאָגט: „באַדעקט") מיט גאָלד און זילבער, און די אָרימע לייט אין איינפאכע ריטלעך־קוישן. די גמרא אין בבא קמא צ"ב זאָגט, אז נור די אָרימע לייט'ס איינפאכע קוישן האָט מען געגעבן צו די כהנים. דאקייגן די רייכע לייט'ס זילבערנע און גאָלדענע קוישן האָבן די רייכע לייט צוגענו־מען צוריק אהיים, געבנדיק די כהנים בלויז די בכורים. די גמרא זאָגט דערויף, אז דערפון איז דאָס שפריכוואָרט „בתר עניא אזלא עניותא", „נאָך דעם אָרימאן גייט־נאָך די אָרימקייט", מחמת ניט געגוג וואָס ער איז אן אָרימאן, האָט ער נאָך געדארפן זיין קויש אוועקגעבן דעם כהן.**

ט. ר' שמעון בן ננס זאָגט, אז מען באפוצט („מעטרין", פון „עטרה", „קרוין", באפוצונג) די בכורים אויך מיט ניט די זיבן מינים. **מיר האָבן געלערנט פריער אין פרק א' משנה ג' אז בכורים מעג מען ברענגען נור פון זיבן מינים; ווייץ, גערשטן, וויינ־טרויבן, פייגן, מילגרוימען, איילבירטן און טייטלען. זאָגט ר' שמעון בן ננס, אז דאָס באפוצן די בכורים, ארויפלייגן אויף זיי שיינע פרוכטן (וועגן וואָס עס ווערט פריער געלערנט אין משנה ג') האָט געמעגט זיין ניט דוקא מיט פרוכטן פון די זיבן מינים, נאָר אויך מיט אנדערע מינים.** ר' עקיבא זאָגט, אז מען טאָר ניט באפוצן בכורים נאָר מיט די זיבן מינים. **ר' שמעון בן ננס איז געווען א תלמיד חבר פון ר' עקיבא:**

י. ר' שמעון זאָגט, אז דריי זאכן (מידות) זענען פאראן ביי בכורים: בכורים, און צוגאָב צו בכורים (תוספת הבכורים), און באפוצונג צו בכורים (עיטור הבכורים).

תּוֹסֶפֶת הַבִּכּוּרִים מִין בְּמִינוֹ, וְעִטּוּר הַבִּכּוּרִים מִין בְּשֶׁאֵינוֹ מִינוֹ. תּוֹסֶפֶת הַבִּכּוּרִים נֶאֱכֶלֶת בְּטָהֳרָה, וּפְטוּרָה מִן הַדְּמַאי, וְעִטּוּר הַבִּכּוּרִים חַיָּב בַּדְּמַאי: **יא** אֵימָתַי אָמְרוּ תּוֹסֶפֶת הַבִּכּוּרִים כַּבִּכּוּרִים? בִּזְמַן שֶׁהִיא בָאָה מִן הָאָרֶץ, וְאִם אֵינָהּ בָּאָה מִן הָאָרֶץ אֵינָהּ כַּבִּכּוּרִים: **יב** לָמָּה אָמְרוּ הַבִּכּוּרִים כְּנִכְסֵי כֹהֵן? שֶׁהוּא קוֹנֶה מֵהֶם עֲבָדִים וְקַרְקָעוֹת, וּבְהֵמָה

„בכורים" הייסן די פרוכטן, וועלכע מען שיידט אָפּ אלס בכורים ווען די פרוכטן זענען נאָך אויפן בוים. „צוגאָב צו בכורים", תוספת הבכורים, הייסן די פרוכטן וועלכע מען לייגט־צו צו די שוין־אָפּגעשיידטע בכורים, כדי זיי זאָלן זיין מער. „באַפּוצונג צו בכורים", „עיטור הבכורים". הייסן די באַזונדערס שיינע פרוכטן, וועלכע מען לייגט־צו צו דעם בכורים־קויש, כדי אים צו באַפּוצן, אַז ער זאָל אויסזען שענער. זאָגט ר' שמעון, אז די דאָזיקע דריי זאכן, מידות, פאַרמעגן פון בכורים, האָבן די דאָזיקע דינים; תוספת, דער צוגאָב צו בכורים מוז זיין פון זעלבן מין (מין במינו), און די באַפּוצונג צו בכורים קאָן זיין ניט פון זעלבן מין (מין בשאינו מינו). אויב דער עיקר בכורים איז, למשל, ווייַנטרויבן, מוז דאָס צולייגן שפּעטער די תוספת הבכורים אויך זיין נור פון ווייַנטרויבן, פון זעלבן מין. אָבער די באַפּוצונג פון בכורים־קויש מוז ניט זיין דוקא פון זעלבן מין, און אויב למשל דער עיקר בכורים איז געווען פון ווייַנטרויבן קאָן מען דעם בכורים־קויש באַפּוצן מיט פייגן צי טייטלען. תוספת, דער צוגאָב צו בכורים מוז ווערן געגעסן נור אין טהרה און ער איז פטור פון דמאי, אָבער די באַפּוצונג פון בכורים איז חייב אין דמאי. בכורים אַליין מעג מען עסן נור ווען די פרוכטן זענען טהור און דער מענטש, וועלכער עסט זיי, איז טהור. זאָגט די משנה, אז אויך דעם צוגאָב צו בכורים מעג מען עסן נור ווען די פרוכטן זענען טהור און דער וועלכער עסט זיי, איז טהור. דמאי הייסן פרוכטן וואָס מען קויפט ביי א עם הארץ און מען ווייסט ניט צי ער האָט אָפּגעשיידט פון זיי מעשר, און דער דין איז, אז מען דאַרף זיי מעשרן (זע אין דער הקדמה צו מסכתא דמאי). זאָגט די משנה, אז ניט נור ווען א כהן נעמט בכורים פון א עם הארץ, דאַרף ער ניט אָפּשיידן פון זיי קיין מעשר, מחמת בכורים זענען דאָך פטור פון תרומה און מעשר, נאָר אויך ווען דער עם הארץ ברענגט צוזאמען מיט די בכורים אויך די „תוספת", דעם צוגאָב, מעג מען עס עסן אומגעמעשרט. אָבער די באַפּוצונג פון בכורים, די פרוכטן מיט וועלכע דער עם הארץ, וועלכער ברענגט בכורים, באַפּוצט זיין בכורים־קויש, דאַרף דער כהן יאָ מעשרן אלס דמאי, ווייל זיי האָבן ניט די קדושה פון בכורים. די מפרשים קלערן, צי די באַפּוצונג פון בכורים דאַרף מען עסן בטהרה; מחמת די משנה זאָגט עס ניט בפירוש. פון רמבם אין „יד החזקה" הלכות בכורים ב' י"ח איז צו זען, אז מען דאַרף זיי יאָ עסן בטהרה.

י"א. אימתי, ווען האָט מען געזאָגט, אז דער צוגאָב צו בכורים האָט דעם דין ווי בכורים? ווען ער קומט פון לאנד (פון ארץ ישראל). אָבער אויב ער קומט ניט פון לאנד (פון ארץ ישראל) האָט ער ניט דעם דין ווי בכורים. אויב איינער האָט אָפּגעשיידט בכורים פון ארץ ישראל־פרוכטן, און דערנאָך האָט ער צו זיי צוגעלייגט פרוכטן, וועלכע זענען ניט געוואקסן אין ארץ ישראל, נאָר אין עבר הירדן אָדער אין חוץ לארץ, האָבן די דאָזיקע צוגאָב־בכורים ניט דעם דין ווי בכורים, און א ניט־כהן מעג זיי עסן (כאָטש בכורים מעג עסן נור א כהן). דער רמבם זאָגט, אז כאָטש זיי האָבן ניט דעם דין ווי בכורים אָבער בטהרה דאַרפן זיי געגעסן ווערן.

י"ב. למה אמרו, צו־וואָס האָבן זיי (די חכמים געזאָגט אז בכורים זענען ווי דאָס אייגנטום פון כהן? די משנה פריער פרק ב' משנה א' זאָגט, אז בכורים זענען „נכסי כהן", דאָס פריוואַט־אייגנטום פון כהן, ער קאָן טאָן מיט זיי וואָס ער וויל. פרעגט דאָ די משנה, וואָס מיינט מען מיט דעם אויסדרוק „פריוואַט־אייגנטום פון כהן"? און די משנה ענטפערט: שהוא קונה, ער מעג קויפן פאַר זיי שקלאַפן און פעלדער און

טְמֵאָה, וּבַעַל חוֹב נוֹטְלָן בְּחוֹבוֹ, וְאִשָּׁה בִכְתוּבָתָהּ, כְּסֵפֶר תּוֹרָה. וְר' יְהוּדָה אוֹמֵר, אֵין נוֹתְנִין אוֹתָם אֶלָּא לְחָבֵר בְּטוֹבָה, וַחֲכָ"א נוֹתְנִין אוֹתָם לְאַנְשֵׁי מִשְׁמָר, וְהֵם מְחַלְּקִין בֵּינֵיהֶם כְּקָדְשֵׁי הַמִּקְדָּשׁ:

אַ ניט־כשרע בהמה. **למשל מעשר שני, כאָטש דער אייגנטימער דאַרף עס דאָך עסן אין ירושלים, הייסט עס אָבער ניט זיין פּריוואַט־אייגנטום, מחמת ער מעג די מעשר־שני־פּרוכטן פאַרנוצן נאָר אויף עסן, טרינקן; אָבער קויפן, למשל, א שקלאַף צי א פעלד פאַר דעם מעשר שני טאָר ער ניט. דאקייגן פאַר בכורים מעג דער כהן קויפן שקלאַפן, אָדער פעלדער אָדער א ניט כשרע בהמה (וואָס מען טאָר ניט עסן, ווי א פערד, אן אייזל).** ובעל חוב, און דער, וועלכער מאָנט געלט א חוב ביים כהן, קאָן זיי (די בכורים) צונעמען פאַר דעם חוב. און די פרוי (פון כהן) קאָן זיי צונעמען פאַר איר כתובה. **אויב דער כהן איז וועמען שולדיג א חוב, אָדער אויב דער כהן האָט געגט זיין פרוי, און עס קומט איר צו באַצאָלן די כתובה, קאָן דער געלט־מאָנער צי די פרוי צונעמען די בכורים פאַר דעם געלט, וואָס דער כהן איז זיי שולדיק.** כספר תורה, אזוי ווי א ספר תורה. **רש"י אין מסכתא חולין קל"א איז גורס „וספר תורה" און טייטשט, אז מען מעג קויפן פאַר בכורים א ספר תורה, כאָטש עס איז ניט צום עסן. דער ברטנורא ברענגט דעם טייטש, אז א ספר תורה האָט אויך דעם דין ווי בכורים, און א בעל חוב קאָן זי צונעמען פאַר זיין חוב און א פרוי פאַר איר כתובה.** ור' יהודה, און ר' יהודה זאָגט, אז מען טאָרניט געבן בכורים (צו א סתם כהן) נאָר צו א חבר פאַר א דאַנק. **מיר האָבן אין מסכתא דמאי פרק ב' משנה ג' געלערנט, אז דעם טיטל „חבר" האָבן געהאַט נאָר גאָר פרומע מענטשן, וועלכע זענען געווען זייער אָפּגעהיטן אין די דינים פון טומאה וטהרה. זאָגט ר' יהודה, אז פונקט ווי תרומה דאַרף מען געבן נור צו א כהן א חבר (זע פריער אין מסכתא חלה פרק ד' משנה ט'), אזוי דאַרף מען אויך בכורים געבן נור צו אַ כהן א חבר; און אז מען מעג נעמען ביים כהן א דאַנק דערפאַר וואָס מען האָט אים געגעבן די בכורים, מחמת דער בעל הבית האָט דאָך דאָס רעכט צו געבן די בכורים צו וועלכן כהן ער וויל, און ער טהוט דאָך דעריבער אַ טובה דעם כהן וועמען ער גיט די בכורים.** וחכמים, אָבער די חכמים זאָגן, אז מען גיט זיי (די בכורים) צו די מענטשן (כהנים פון משמר, און זיי צעטיילן זיי צווישן זיך ווי די קרבנות פון בית המקדש. **אלע כהנים זענען געווען איינגעטיילט אין 24 משמרות, און יעדער משמר האָט געטאָן די עבודה אין בית המקדש, מקריב געווען די קרבנות, נאָר איין וואָך. ווען עס האָט זיך געענדיקט די וואָך, האָבן איבערגענומען די עבודה אין בית המקדש די כהנים פון אן אנדערן משמר. די קרבנות פון בית המקדש, וואָס זייער פלייש האָט געהערט צו די כהנים, האָבן יעדע וואָך געהערט צו די כהנים פון דעם משמר פון דער דאָזיקער וואָך, און די דאָזיקע משמר־כהנים האָבן צווישן זיך צו־טיילט דאָס פלייש. זאָגן די חכמים, אז אויך די בכורים קאָן ניט זייער בעל הבית געבן דעם כהן, וועלכן ער וויל, נאָר ער מוז זיי געבן צו די כהנים פון דעם משמר, וועלכע טוען די עבודה אין בית המקדש אין דער דאָזיקער וואָך, און די כהנים צעטיילן צווישן זיך די בכורים. ממילא באַקומט זיין חלק אויך א כהן, וועלכער איז ניט קיין חבר, ווייל פונקט ווי מען גיט אזא כהן פלייש פון א קרבן און מען ווייסט, אז ער וועט זיין אָפּגעהיטן צו עסן עס בטהרה, אזוי גיט מען אים אויך בכורים. דער ברטנורא טייטשט ר' יהודה'ס ווערטער „אין נותנין" „מען זאָל ניט געבן", אז דאָס גייט־אַרויף אויף דעם כהן, וועלכער האָט שוין באַקומען די בכורים, אז ער זאָל זיי ניט געבן נאָר צו א כהן א חבר.**

סליק מסכתא בכורים — געענדיקט מסכתא בכורים.

אין טייל משניות איז פאראן צוגעגעבן צו מסכתא בכורים א פירטער פרק „אנ־דרוגינוס". אָבער ניט דער ירושלמי אויך אין כתבי יד, און ניט דער רמבם און ניט דער ברטנורא און ניט דער תוספות יום טוב אין זייער פירושים צו משניות האלטן אַז דער פרק געהערט צו דער משנה מסכתא בכורים; ער איז באמת אַ ברייתא פון תוספתא בכורים, און זי האָט פארשידענע נוסחאות. די אַלע דערמאָנטע מפרשים האָבן דעריבער ניט געשריבן קיין פירוש צום דאזיקן פרק.

הדרן עלך סדר זרעים.



עֲפְיֵהּ שַׁפִּיר וְאִנְבֵּהּ שַׂגִּיא

וּמָזוֹן לְכֹלָּא בֵהּ.

# תְּפִלָּה לְאָבֵל וּלְיָאהרְצַייט

## קוֹדֶם הַלִּמּוּד

הֲרֵינִי רוֹצֶה לִלְמוֹד מִשְׁנָה שֶׁהִיא אוֹתִיּוֹת נְשָׁמָה עֲבוּר נִשְׁמַת הַנִּפְטָר (הַנִּפְטֶרֶת) (פב״פ) וּבִזְכוּת לִימּוּד זֶה תְּהֵא נִשְׁמָתוֹ (נִשְׁמָתָהּ) צְרוּרָה בִּצְרוֹר הַחַיִּים עִם מֵתֵי עַמְּךָ יִשְׂרָאֵל בְּרַחֲמִים וְיַעֲמוֹד (וְתַעֲמוֹד) לְקֵץ הַיָּמִין, אָמֵן.

## אַחַר הַלִּמּוּד

אָנָּא יְיָ מֶלֶךְ מָלֵא רַחֲמִים, אֲשֶׁר בְּיָדְךָ נֶפֶשׁ כָּל־חָי, וְרוּחַ כָּל־בְּשַׂר־אִישׁ, יְהִי נָא לְרָצוֹן לְפָנֶיךָ תּוֹרָתֵנוּ וּתְפִלָּתֵנוּ בַּעֲבוּר נִשְׁמַת (פלוני בר פלונית: או פלונית בת פלונית) וּגְמוֹל נָא עָלֶיהָ בְּחַסְדְּךָ הַגָּדוֹל, לִפְתּוֹחַ לָהּ שַׁעֲרֵי רַחֲמִים וָחֶסֶד וְשַׁעֲרֵי גַן עֵדֶן, וּתְקַבֵּל אוֹתָהּ בְּאַהֲבָה וְחִבָּה, וּשְׁלַח לָהּ מַלְאָכֶיךָ הַקְּדוֹשִׁים לְהוֹלִיכָהּ וּלְהוֹשִׁיבָהּ תַּחַת עֵץ הַחַיִּים, אֵצֶל נִשְׁמוֹת הַצַּדִּיקִים וְהַצִּדְקָנִיּוֹת הַחֲסִידִים וְהַחֲסִידוֹת לֵהָנוֹת מִזִּיו שְׁכִינָתְךָ לְהַשְׂבִּיעָהּ מִטּוּבְךָ הַצָּפוּן לַצַּדִּיקִים: וְהַגּוּף יָנוּחַ בַּקֶּבֶר בִּמְנוּחָה נְכוֹנָה בְּחֶדְוָה, בְּשִׂמְחָה וּבְשָׁלוֹם, כְּמוֹ שֶׁכָּתוּב יָבוֹא שָׁלוֹם יָנוּחוּ עַל מִשְׁכְּבוֹתָם הוֹלֵךְ נְכוֹחוֹ, וְכָתוּב יַעְלְזוּ חֲסִידִים בְּכָבוֹד יְרַנְּנוּ עַל־מִשְׁכְּבוֹתָם. וְכָתוּב אִם־תִּשְׁכַּב לֹא תִפְחָד וְשָׁכַבְתָּ וְעָרְבָה שְׁנָתֶךָ, וְתִשְׁמוֹר אוֹתוֹ מֵחִבּוּט הַקֶּבֶר וּמֵרִמָּה וְתוֹלֵעָה:

(נִפְטָר)

וְתִסְלַח וְתִמְחַל לוֹ עַל־כָּל־פְּשָׁעָיו, כִּי אָדָם אֵין צַדִּיק בָּאָרֶץ אֲשֶׁר יַעֲשֶׂה־טּוֹב וְלֹא יֶחֱטָא וּזְכוֹר לוֹ זְכֻיּוֹתָיו וְצִדְקוֹתָיו אֲשֶׁר עָשָׂה, וְתַשְׁפִּיעַ לוֹ מִנִּשְׁמָתוֹ לְדַשֵּׁן עַצְמוֹתָיו בַּקֶּבֶר מֵרַב טוּב הַצָּפוּן לַצַּדִּיקִים, כְּמוֹ שֶׁכָּתוּב מָה רַב טוּבְךָ אֲשֶׁר־צָפַנְתָּ לִּירֵאֶיךָ, וְכָתוּב שׁוֹמֵר כָּל־עַצְמוֹתָיו אַחַת מֵהֵנָּה לֹא נִשְׁבָּרָה, וְיִשְׁכּוֹן בֶּטַח בָּדָד וְשַׁאֲנָן מִפַּחַד רָעָה, וְאַל יִרְאֶה פְּנֵי גֵּי־הִנֹּם, וְנִשְׁמָתוֹ תְּהֵי צְרוּרָה בִּצְרוֹר הַחַיִּים וּלְהַחֲיוֹתוֹ

(נִפְטֶרֶת)

וְתִסְלַח וְתִמְחַל לָהּ עַל־כָּל־פְּשָׁעֶיהָ, כִּי אָדָם אֵין צַדִּיק בָּאָרֶץ אֲשֶׁר יַעֲשֶׂה־טּוֹב וְלֹא יֶחֱטָא, וּזְכוֹר לָהּ זְכֻיּוֹתֶיהָ וְצִדְקוֹתֶיהָ אֲשֶׁר עָשְׂתָה, וְתַשְׁפִּיעַ לָהּ מִנִּשְׁמָתָהּ לְדַשֵּׁן עַצְמוֹתֶיהָ בַּקֶּבֶר מֵרַב טוּב הַצָּפוּן לַצַּדִּיקִים, כְּמוֹ שֶׁכָּתוּב מָה רַב טוּבְךָ אֲשֶׁר־צָפַנְתָּ לִּירֵאֶיךָ, וְכָתוּב שׁוֹמֵר כָּל־עַצְמוֹתָיו אַחַת מֵהֵנָּה לֹא נִשְׁבָּרָה, וְתִשְׁכּוֹן בֶּטַח בָּדָד וְשַׁאֲנָן מִפַּחַד רָעָה, וְאַל תִּרְאֶה פְּנֵי גֵּי־הִנֹּם, וְנִשְׁמָתָהּ תְּהֵי צְרוּרָה בִּצְרוֹר הַחַיִּים וּלְהַחֲיוֹתָהּ

בִּתְחִיַּת הַמֵּתִים עִם־כָּל־מֵתֵי עַמְּךָ יִשְׂרָאֵל אָמֵן:

## אַחַר הַתְּפִלָּה אוֹמְרִים קַדִּישׁ זֶה.

**יִתְגַּדַּל** וְיִתְקַדַּשׁ שְׁמֵהּ רַבָּא׃ בְּעָלְמָא דִי בְרָא כִרְעוּתֵהּ וְיַמְלִיךְ מַלְכוּתֵהּ׃ בְּחַיֵּיכוֹן וּבְיוֹמֵיכוֹן וּבְחַיֵּי דְכָל בֵּית יִשְׂרָאֵל׃ בַּעֲגָלָא וּבִזְמַן קָרִיב וְאִמְרוּ אָמֵן:

יְהֵא שְׁמֵהּ רַבָּא מְבָרַךְ לְעָלַם וּלְעָלְמֵי עָלְמַיָּא: יִתְבָּרַךְ׃ וְיִשְׁתַּבַּח וְיִתְפָּאַר׃ וְיִתְרוֹמַם׃ וְיִתְנַשֵּׂא׃ וְיִתְהַדָּר׃ וְיִתְעַלֶּה וְיִתְהַלָּל׃ שְׁמֵהּ דְּקֻדְשָׁא׃ בְּרִיךְ הוּא לְעֵלָּא (בעשי״ת וּלְעֵלָּא) מִן כָּל בִּרְכָתָא וְשִׁירָתָא׃ תֻּשְׁבְּחָתָא וְנֶחֱמָתָא׃ דַּאֲמִירָן בְּעָלְמָא׃ וְאִמְרוּ אָמֵן:

**עַל** יִשְׂרָאֵל וְעַל רַבָּנָן׃ וְעַל תַּלְמִידֵיהוֹן וְעַל כָּל תַּלְמִידֵי תַלְמִידֵיהוֹן׃ וְעַל כָּל מָאן דְּעָסְקִין בְּאוֹרַיְתָא׃ דִּי בְאַתְרָא הָדֵין וְדִי בְכָל אֲתַר וַאֲתַר׃ יְהֵא לְהוֹן וּלְכוֹן שְׁלָמָא רַבָּא׃ חִנָּא וְחִסְדָּא׃ וְרַחֲמִין׃ וְחַיִּין אֲרִיכִין׃ וּמְזוֹנָא רְוִיחֵי׃ וּפֻרְקָנָא מִן קֳדָם אֲבוּהוֹן דְּבִשְׁמַיָּא וְאַרְעָא׃ וְאִמְרוּ אָמֵן:

יְהֵא שְׁלָמָא רַבָּא מִן שְׁמַיָּא׃ וְחַיִּים טוֹבִים עָלֵינוּ וְעַל כָּל יִשְׂרָאֵל וְאִמְרוּ אָמֵן:

עֹשֶׂה שָׁלוֹם בִּמְרוֹמָיו׃ הוּא יַעֲשֶׂה שָׁלוֹם עָלֵינוּ וְעַל כָּל יִשְׂרָאֵל וְאִמְרוּ אָמֵן:

# מַפְתְּחוֹת פִּרְקֵי הַמִּשְׁנָה בְּסֵדֶר אֲלְפְבֵיתִי

## אות ו

## אות ז



## אות ח



## אות ט



## אות י



## אות כ



## אות ל



## אות מ

## אות נ



## אות ס



## אות ע



## אות פ



## אות צ



## אות ק



## אות ר



## אות ש



## אות ת

# אנטשטייאונג און באדייט פון דער משנה

דאָס וואָרט משנה (מערצאָל — משניות) ווערט אויסגעטייטשט — לויט איין מיינונג — פון וואָרט שנה — „לערנען" אָדער „איבערלערנען" — חזרן, לויט א צווייטע מיינונג שטאמט עס פון משנה — „דאָפּלט", שני „צווייטע", דאָס הייסט ווייל די משנה איז די צווייטע פון דער תורה.

אין אבות (פּרק א, א) ווערט געזאָגט: „משה האָט איבערגענומען די תורה פון בארג סיני, האָט זי איבערגעגעבן צו יהושע'ן, יהושע צו די זקנים (די פּירער און שופטים נאָך אים), די זקנים האָבן זי איבערגעגעבן צו די נביאים און די נביאים האָבן די תורה איבערגעגעבן צו די „אנשי כנסת הגדולה", „די מענער פון דער גרויסער פארזאמלונג".

די תורה וואָס משה האָט איבערגענומען פון גאָט אויפן בארג סיני מיינט דערמיט נישט בלויז די תורה שבכתב, די שריפטליכע תורה וואָס באשטייט פון 5 חומשים אָדער דעם גאנצן תנ"ך וואָס שליסט איין די ספרי נביאים און כתובים אין די הייליגע שריפטן, נאָר אין ברייטערן זין אויך די תורה שבעל פה, די מינדליכע תורה וואָס איז געגעבן געוואָרן צו משה'ן על פה, מיט א פארזאָג זי נישט אויפצושרייבן, נאָר זי לערנען אויף אויסווייניג און זי אזוי איבערגעבן פון איין דור צום אנדערן, די חכמים פון יעדער צייט זאָלן זי לערנען צו זייערע תלמידים און די תלמידים צו זייערע נאָכפאָלגער. אזוי דערקלערט דער רמב"ם: „ודע כי כל מצוה... נתנה לו (למשה) בפירושה... המצוה בכתב והפירוש על פה".

די תורה שבעל פה איז א דערגענצונג צו דער תורה שבכתב, זי טייטשט אויס, באלייכט און מאכט פארשטענדליך די תורה שבכתב. אָהן דער תורה שבעל פה וואָלט די תורה שבכתב פארבליבן א פארמאכטער ספר, אירע מצוות וואָלטן געווען אומ-באנעמליך. אין דער תורה שבכתב ווערט יעדער מצווה געגעבן בלויז איר עיקר, בלויז איר יסוד, כדי אָבער צו באנעמען איר פולע באדייטונג, כדי צו פארשטיין איר טיפן אינהאלט און באגרייפן אירע פאָדערונגען מוז מען אָנקומען צו דער תורה שבעל פה. אלס ביישפּיל קאָנען דינען די פאָלגענדע פאקטן:

א. די תורה הייסט אונז רוען שבת און נישט טאָן קיין מלאכה, זי דערקלערט אָבער נישט וואָס אזוינס הייסט א מלאכה, זי זאָגט ניט גענוי אין וואָס דארף באשטיין דאָס רוען אום שבת. נאָר אין דער תורה שבעל פה געפינען מיר ווי די חכמים האָבן אויפגעקלערט די 39 ערליי ארבעטן וואָס זיינען פארבאָטן שבת און ווי אזוי דער איד דארף רוען דעם טאָג אלס יום מנוחה וקדושה.

ב. די תורה פארזאָגט אונז — בסוכות תשבו שבעת ימים (ויקרא כ"ד, מ"ב) מיר זאָלן זיצן אין א סוכה 7 טעג. זי באטאָנט אָבער נישט ווי אזוי א סוכה דארף געבויט ווערן, איר מאָס, אירע ווענט, איר סכך, ווער און ווען מ'דארף זיצן, דאָס אלץ איז איבערגעלאָזן געוואָרן צו דער תורה שבעל פה.

ג. די תורה באפעלט אונז—וקשרתם לאות על ידך והיו לטטפת בין עיניך— „זאָלסט זיי (די געבאָטן) אָנבינדן פאר א צייכן אויף דיין האנד און זיי זאָלן זיין פאר א שטערנבאנד צווישן דיינע אויגן" (דברים ו', ח'). אָן דער תורה שבעל פה

וואָלטן מיר נישט געוואוסט אז דערמיט מיינט מען די פיר פרשיות פון דער תורה וואָס מיר האָבן אין די תפלין, מען וואָלט אויך נישט געוואוסט ווי אזוי די תפלין דארפן געמאכט ווערן און פון וואָס, און ווי אזוי מען דארף זיי לייגן. ענליך איז דער פאל מיט אנדערע הלכות פון דער תורה וועלכע ווערן אויפגעקלערט און פארשטענדליך געמאכט א דאנק תורה שבעל פה.

פאר פיל הונדערטער יאָרן אין פארלויף פון די אויבנדערמאָנטע תקופות איז די תורה שבעל פה איבערגעגאנגען פון דור צו דור אהן קיינע שוועריקייטן. ס'האָט זיך נישט געפילט קיין נויטיקייט צו באדארפן זי אויפשרייבן אין א ספר. אין יענע אלע צייטן האָבן זיך געפונען ביי אידן גרויסע חכמים וואָס תורתן אומנתן און מיט זייערע שטארקע מחות האָבן זיי אלץ גוט איבערגענומען און עס געלערנט צו זייערע תלמידים. זאָגאר אין גלות בבל האָבן זיך געפונען גרויסע פערזענליכקייטן: די מענטשן פון החרש והמסגר, אייניגע נביאים, ברוך בן נריה, דניאל, עזרא, נחמיה א.א. ווען מיר נעמען למשל אין באטראכט די עפּאָכע פון די נביאים — וואָס האָט זיך אָנגעפאנגען מיט שמואל הנביא און אָנגעהאלטן די גאנצע צייט פון ערשטן בית המקדש — זיי (די נביאים) זיינען געווען די אנערקענטע אויטאָריטעטן אויפן געביט פון רעליגיעזן אידישן לעבן. זייער השפעה איז געווען שטארק. א דאנק זייער באגאבטע כשרונות האָבן זיי געוואוסט ווי אמבעסטן און צום קלאָרסטן איבערצוגעבן צו זייערע נאָכפאָלגער אלץ, וואָס זיי האָבן מקבל געווען פון זייערע פאָרגענגער. די תקנות וואָס זיי האָבן געשאפן, די דינים, וואָס זיי האָבן פארפאסט, אלץ וואָס זיי האָבן מחדש געווען האָט געפונען זיין אָנשפּאַר און יסוד אין דער תורה, דאָ אַ וואָרט, דאָרט אַ היקש, אַ גזירה שוה אָדער אן אנדערע מדה שהתורה נדרשת בהן [1]).

ווען די אידן האָבן זיך צוריקגעקערט אין זייער לאנד נאָכן גלות בבל האָט שוין די תקופת הנביאים געהאלטן ביי איר סוף. היות די צוריקגעקומענע אידן האָבן געמוזט אויף יעדן טריט און שריט פירן אַ פאַרביסענע מלחמה מיט די שומרונים, וועלכע האָבן זיך געזוכט אריינצוררייסן אין אידישן לעבן, האָט עזרא הסופר ראשית כל געזאָרגט צו באפעסטיקן די גייסטיק-אידישע רייען, צעמענטירן די נשמה פון אידישן פאָלק. עזרא צוזאמען מיט נחמיה'ן און די לעצטע נביאים, חגי, זכריה און מלאכי, אויך חנניה מישאל ועזריה, מרדכי און זרובבל בן שאלתיאל האָבן דאן געגרינדעט די כנסת הגדולה, די „גרויסע פארזאמלונג", צוזאמענגעשטעלט פון הונדערט און צוואנציק מיטגלידער. אָט די גרויסע קערפערשאפט איז געוואָרן די העכסטע אינסטאנץ אין אידיש לעבן, זי האָט אָנגעפירט מיט אלע ענינים אין לאנד. מיט די אנשי כנסת הגדולה האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע תקופה. עס האָט זיך געענדיקט די תקופה פון נביאים און ס'האָט זיך אָנגעפאַנגען די תקופה פון די חכמי-התורה און זייערע ישיבות. די ערשטע (ראשונים) האָבן זיך גערופן סופרים און די שפעטערע תנאים. די אנשי כנסת הגדולה האָבן באדייטנד פארשפרייט דעם למוד התורה, האָבן פארפּילפאַכט די צאָל פון תלמידים, מאַכנדיק די תורה דאָס אייגנטום פונם גאַנצן פאָלק און ניט ווי פריער ווען די תורה איז געווען אין די הענט פון די כהנים, לויים און געציילטע יחידים. זיי האָבן מתקן געווען נויטיקע תקנות, האָבן פאָרמולירט פאר-

---

[1]) ... שבימיהם לא הי' גמרא בכתב וגם לא היה ניתן לכתוב אלא לפי שנתמעטו הלבבות התחילו דורות אחרונים לכתבו. (רש"י ספ"ב דב"מ).

לפי שראה (רבינו הקדוש) שהתלמידים מתמעטים והולכין והצרות מתחדשות ובאות ומלכות רומי פושטת בעולם ומתגברת וישראל מתגלגלין והולכין לקצוות, חיבר חיבור להיות ביד כולם כדי שילמדוהו במהרה ולא ישכח. (רמב"ם הקד' למשניות).

שידענע געזעצן, זיי האָבן מסדר געווען די ברכות און תפלות און אריינגעבראכט סיסטעם און אָרדנונג אין אידנטום.

אין דער גמרא בבא בתרא (ט"ו) ווערט דערקלערט, אַז די אנשי כנסת הגדולה האָבן אויפגעשריבן אַ ריי ספרים פון תנ"ך: דעם ספר יחזקאל, די תרי עשר נביאים, דעם ספר דניאל און מגילת אסתר. לויט אַ טראַדיציע האָבן זיי געשלאָסן דעם תנ"ך, נישט לאַזנדיק צוגעבן צום ספר הספרים מער ווי די אָנגענומענע 24 ספרים. מיטן אָפּשלוס פון דער תורה שבכתב האָט זיך אָנגעפאַנגען די בליענדע אַנטוויקלונג פון דער תורה שבעל פה וועמענס נשמה איז די משנה [2]. נאָך אין דער צייט פון די אנשי כנסת הגדולה, נאָכ'ן טויט פון עזרא'ן, האָבן שוין מאַנכע חכמים דערשפירט די נויטווענדיקייט אויפצושרייבן געוויסע הלכות לזכרון. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז אין די ערשטע צייטן איז דאָס געטאָן געוואָרן שטרענג פריוואט און באהאלטן. אזוי דערציילט רבינו שרירא גאון אין זיין בארימטן בריוו: אנשי כנסת הגדולה התחילו לכותבה וכתבו מקצתה חכמי כל דור ודור.

לויט דעם רמב"ם (הקדמה צום יד החזקה) איז—אין די 33 דורות פון משה רבינו ביז רבינו הקודש—נישט פאַרפאַסט געוואָרן קיין ווערק (אין שריפט) צו לערנען דערפון עפנטליך (ברבים) די תורה שבעל פה, נאָר אין יעדן דור פלעגט דער ראש בית דין אָדער דער נביא פונם דור פאַרשרייבן פאַר זיך (פריוואט) לזכרון די שמועות וואָס ער האָט געהערט פון זיינע רביים. אויך פלעגט פאַרצייכנט ווערן פאַר זיך די הלכות און דינים וועלכע זיינען נתחדש געוואָרן אין יעדן דור. אזעלכע פריוואטע שריפטן זיינען באקאַנט אלס מגילות סתרים. אָבער ברבים מיט די תלמידים פלעגט מען דורכאויס לערנען נאָר על פה.

שמעון הצדיק איז געווען פון די שיירי כנסת הגדולה, פון די לעצטע פון די „מענער פון דער גרויסער פאַרזאַמלונג", נאָך אים האָט זיך אָנגעפאַנגען די נייע עפּאָכע פון די חכמים. וועהרענד ביז אים איז די פירערשאַפט אין אידנטום געווען קאָנצענטרירט, עס איז געווען איין אנערקענטער אויטאָריטעט, צו וועמען אַלע האָבן זיך צוגעהערט און פאר וועמענס מיינונגען אלע האָבן זיך געבויגן. נאָכן טויט פון שמעון הצדיק האָט זיך אָנגעהויבן די צייט פון די זוגות, פון „די פּאָר". ווען (נישט איינער נאָר) צוויי חכמים האָבן אָנגעפירט מיט די סנהדרין און מיט דער גרויסער ישיבה אין ירושלים. איינער איז געווען דער נשיא פון די סנהדרין און דער אַנדערער דער אב-בית-דין.

די גזירות און פאַרפאָלגונגען אויפן אידישן פאָלק מצד זייערע שונאים, די אריינדרינגער אין זייער לאנד, פריער די יוונים און נאָכדעם די רומיים, האָבן פאַר-אורזאכט א צעטימלעניש און צעשפליטערונג אין אידישן פאָלק. זיי האָבן גורם געווען צו כסדרדיקע אינערליכע קריגערייען, די העלעניסטן, די צדוקים, די דינאסטישע ברידער-מלחמות און ענליכע צרות, האָבן פארטונקלט די וויזיע און אָפּגעשוואכט דעם זכרון און דענקונגס-אפּאראט פון אידישן מח. דאָס האָט געבראכט צו א צעטיילונג פון אויטאָריטעט, צעשטערנדיק די איינהייטליכקייט אין רעליגיעזן לעבן. וואָס ווייטער איז דער מצב פאַרערגערט געוואָרן. די גזירות-השמד פון אנטיו-כוס מלך יון (אזוי ווי שפּעטער אונטער די רוימער, די גרויזאמע פארפאָלגונגען

---

[2]) נמשלה המקרא כמים והמשנה כיין וכו', כך אי אפשר לעולם בלא מקרא ובלא משנה. (סופרים ט"ו, ז).

ויאספו (החכמים) כל מלה אשר העתיקו מני קדש וימלאום במדע מלואת תוכן ויקראו את שמם משנה (רבינו סעדיא גאון. גוף ספר הגלוי).

פון הדרינוס׳ן), האָבן געצילט אומצוברענגען די תורה ביי אידן, און ווי דער מדרש דערציילט, איז דעמאָלט אומגעקומען על קידוש השם דער ערשטער פון די זוגות יוסי בן יועזר, און דאָס האָט שפּעטער דערפירט צו דעם אויפשטאַנד און זיג פון מתתיהו הכהן און זיינע 5 חשמונאים זין. מיטן אריינדרינגען פון די רוימער איז געקומען אַ כוואַליע פון רדיפות און אַ פאַרמערונג פון אומדערטרעגלעכע גזירות.

די לעצטע פון די זוגות (די פּאָרן) זיינען געווען הלל און שמאי. אין זייער צייט (א הונדערט יאָר פאַרן חורבן בית שני) האָבן שוין עקזיסטירט באדייטנדע זאַמלונגען פון דער משנה, באַקאַנט אלס משנה ראשונה (משנה סנהדרין ג׳ ד׳ און משנה כתובות ה׳ ג׳). די תנאים נאָך זיי האָבן נאָכגעטאָן זייער ביישפּיל. אין דער גמרא ווערט דערמאָנט משנת רבי אליעזר (עירובין ס״ב; יבמות מ״ט); משנת רבי עקיבא (סנהד׳ ג, ד); סתם מתניתין רבי מאיר (סנהדרין פ״ו); משנת רבי נתן (כתובות צ״ג) א. א. וו.

א געוויסער סיסטעם פון א טייל מסכתות איז אויך שוין דעמאָלט געווען באַקאַנט. עס ווערט געזאָגט: רבי שמעון איש המצפה האָט געלערנט מסכת תמיד (יומא י״ד, ע״ב); רבי עקיבא האָט געלערנט מסכת כריתות (כריתות ג׳, ע״ב); רבי אלעזר בן עזריה האָט געלערנט מסכת עדיות (ברכות כ״ח, ע״א); רבי יוסי, תלמיד פון רבי עקיבא, האָט באוואונדערט דעם סידור פון מסכת כלים אין טהרות וואָס הויבט זיך אָן מיט דיני טומאה און פאַרענדיקט זיך מיט טהרה [3].

וואָס ווייטער איז געמערט געוואָרן די צאָל פון משניות טיילן. ס׳האָט אָבער געפעלט די פּאַסיגע פּערזאָן וועלכע זאָל זיין בכח אלעס צונויפצוזאַמלען, אלעס צו רעווידירן און עס געהעריג קלאַסיפיצירן. עס האָט זיך געפאָדערט אַן אנערקענטער אויטאָריטעט מכריע צו זיין און קלאָר צו מאכן די פארלעסליכקייט פון יעדער הלכה. און דער גרויסער מאַן איז געקומען אין דעם ליכטיגן פּערזאָן פון רבי יהודה הנשיא, אָדער רבינו הקדוש, און אין קורצן גערופן רבי.

רבי יהודה הנשיא האָט געלעבט אינם לעצטן דור פון דער תנאים־עפּאָכע און איז געווען א תלמיד פון זיין פאָטער רבי שמעון בן גמליאל, פון רבי מאיר און רבי שמעון בן יוחאי, ביי אים איז געווען תורה וגדולה במקום אחד [4]) ער האָט גענאָסן

---

[3]) שעד ימיו לא היו מסכתות סדורות אלא כל תלמיד ששמע מפי גדול הימנו גרסה ונתן סימנין הלכה פלונית ופלונית שמעתי משם פלוני וכשנתקבצו אמר כל אחד מה ששמע ונתנו לב לברר טעמי המחלוקות דברי מי ראויין לקיים ויצרו המסכתות... (רש״י שם).

... וברוח ה׳ אשר דבר בו כלל בם כל הת״ר סדרי משנה ששנו דורות הראשונים וכל הברייתות והתוספתות ליכא מידי מינייהו דלא רמיזי במתניתין. (מהר״ר חיים מוולזין הקד׳ ל„שנות חיים“). אלס רמז אז די משנה איז א פאַרזעצונג פון דער תורה, ווערט אָנגעוויזן אויף דעם וואָס די תורה ענדיגט זיך מיטן אות למ״ד (לעיני כל ישראל) און די משנה הייבט זיך אָן מיטן נאָכפאָלגענדן אות מ״ם — מאימתי („הון עשיר“ לר׳ רפאל עמנואל חי ריקי, ביאור לשונות המשנה, אמשטרדם, תצ״א).

רבינו הקדוש חיבר המשנה וכו׳ קיבץ כל השמועות וכל הדינים וכל הביאורים והפירושים ששמעו ממשה רבינו ושלמדו בית דין שבכל דור ודור בכל התורה כולה וחיבר מהכל ספר המשנה... וישב כל ימיו הוא ובית דינו ולמדו המשנה ברבים (רמב״ם הקד׳ „יד החזקה“).

רבי נתן ורבי יהושע בן קרחה וזולתם רבים והם האחרונים מבעלי המשנה הנקראים תנאים... והשתדלו במשנה כהשתדלותם בתורה מחברים אותה וסדורה ומספר סדריה ופרקיה והלכותיה. (ר״י הלוי כוזרי ג׳, 50).

רש״י סוכה דף כ״ח. בד״ה גמרא: זו היא סברא, שהיו התנאים אחרונים מדקדקים בדברי הראשונים הסתומים לפרשם וליתן בהן טעם כמו שעשו האמוראים אחר התנאים שפירשו דברי התנאים שלפניהן וקבעו בהן גמרא ואותו דיוק שבימי התנאים נקרא הש״ס.

[4]) מימות משה ועד רבי לא מצינו תורה וגדולה במקום אחד. (גיטין נ״ט). והיה יחיד בדורו ואחר בזמנו איש שנמצאו בו כל החמודות והמדות הטובות עד שזכה בהם אצל אנשי דורו לקרותו רבינו הקדוש... והיה בחכמה ובמעלה בתכליתם... והיה בתכלית החסידות והענוה והרחקת התענוגים... וכן הרחיב הוא על אנשי החכמה ומבקשיה ורבץ תורה בישראל... (רמב״ם הקד׳ למשניות).

דעם רעספעקט און אנערקענונג פון גאנצן פאָלק. א דאנק זיין פריינטשאפט מיטן רוימישן הערשער זיינען אין זיין צייט אָפּגעשטעלט געוואָרן די רדיפות. ישיבות האָבן זיך ווידער געעפנט. די חכמים און געלערנטע האָבן זיך געקאָנט פריי פאר־זאמלען. רבי האָט אויסגענוצט אָט די אטעם-אָפּכאפּענדע צייט צו פארזאמלען ארום אים די חכמי הדור און מיט זייער הילף און קאָ-אָפּעראציע האָט ער זיך גענומען מסדר צו זיין די מאָנומענטאלע ווערק — דעם משניות.

די אלע הלכות, דינים און מיינונגען וועלכע רבי יהודה הנשיא האָט אויס־געקליבן און זיי ארייגעבראכט אין משניות זיינען פריער פון אים און די פארזאמלטע (מיט אים) חכמים, גרינטליך אנאליזירט געוואָרן און גענוי איבערגעטראכט געוואָרן און נאָר דאָס וואָס עס האָט אויסגעהאלטן אלע איינווענדונגען איבער יעדן צווייפל איז געוואָרן איינגעשלאָסן אין דער משניות זאמלונג. דער משניות באשטייט אין גרעסטן טייל פון סתם הלכות וועגן וועלכע עס זיינען נישט פאראן קיין שום מחלוקת. אָבער עס זיינען אויך פאראן א סך אזעלכע הלכות וועגן וועלכע עס זיינען פאראן איבער זיי מיינונג פארשידנקייטן, ד. ה. מחלוקות פון תנאים.

די משנה וואָס רבינו הקדוש האָט רעדאקטירט איז דאריבער אנערקענט געוואָרן אלס מער אויטאָראטיוו ווי די הלכות וועלכע רבי האָט ארויסגעלאָזט פון זיין זאמלונג און רופן זיך ברייתא און תוספתא, הגם די לעצטע זיינען אויך זאמלונגען פון תנאים — די ברייתא פון רבי חייא און רבי אושעיה און די תוספתא פון רבי נחמיה. אויסער די ברייתא און תוספתא זיינען נאָך אנדערע זאמלונגען ארויסגעלאָזט געוואָרן פון משניות ווי די מכילתא דרבי ישמעאל, מכילתא דרבי שמעון בן יוחאי דער ספרא פון רבי יהודה און דער ספרי פון רבי שמעון — אלע, תלמידים פון רבי עקיבא — די דאָזיגע ספרים ווערן אפט ציטירט אין דער גמרא פון די אמוראים (די נאכפאָלגער פון די תנאים) אין זייערע באמי־אונגען קלאָר צו מאכן שווערע משניות דורך א פארגלייך אדער דערקלערונג פון א ענליכן ענין אין די שאפונגען פון אט די תנאים.

דער משניות איז איינגעטיילט אין 6 סדרים (ששה סדרי משנה), דערפון איז דאָס וואָרט ש״ס (ששה סדרים). זיי הייסן: זרעים, — פלאנצן, מועד — צייט, נשים — פרויען, נזיקין — שאָדנס, קדשים — הייליקייטן און טהרות — ריינקייטן.

אין ספר ישעיהו געפינען די חז״ל א רמז אויף די זעקס סדרי משנה. ריש לקיש זאָגט (גמרא שבת ל״א, א) — וואָס מיינט דער פסוק, והיה אמונת עתך חוסן ישועות חכמה ודעת יראת ה׳ היא אוצרו (ישעיהו ל״ג ו), „און עס וועט זיין דער גלויבן אין דיין צייט, דיין פעסטקייט, דיין הילף, דיין חכמה און דיין וויסן. די מורא פאר גאָט איז אָבער דיין אוצר!״

דער גלויבן מיינט דער סדר זרעים וואו ס׳ווערן באהאנדעלט די ענינים פון ברכות און תפלות, פון תרומות ומעשרות לקט שכחה און פאה צו וועלכע עס איז נויטיק דאָס גלויבן — אמונה. דיין צייט מיינט דעם סדר מועד, וועלכער באהאנדלט ענינים וואָס זיינען אפהענגיג אין צייט ווי שבת, יום טוב און ענליכע ענינים. דיין פעסטקייט באדייט סדר נשים, ווייל עס איז נויטיק די אייגענשאפט פון פעסטקייט אפצוהיטן געהעריג די אלע דינים וועלכע ווערן אין דעם סדר אויפגעקלערט. דיין הילף מיינט מען סדר נזיקין. דער וואָס פארשטייט די דינים פון דעם סדר ווייסט זיך ווי אויסצוהיטן פון שאָדן. דיין חכמה מיינט דעם סדר קדשים; מען דארף פיל חכמה אין די דינים פון הייליקייטן ווייל דורך א אומריכטיגע באהאנדלונג פון די

הלכות ברייננגט מען אויף זיך שטראָפן. דיין ווינן איז סדר טהרות. כדי אָפּצוהיטן געוויי די דינים פון ריינקייט דארף מען באזיצן פיל ווינן. אָבער דאָס אלץ האָט קיין ווערט נישט — אויב די מורא פאר גאָט איז נישט דיין אוצר.

יעדער סדר פון משניות ווערט צעטיילט אין מסכתות. לויט דעם ערוך באדייט דאָס וואָרט מסכת — פארנעמען (דאָס וואָס מען הערט), ווי עס שטייט אין דער תורה — הסכת ושמע ישראל (דברים כ״ז, ט׳), „פארנעם און הער ישראל״, ווייל די תורה שבעל פה ווערט איבערגעגעבן פון איינעם צום אנדערן נישט דורך שריפט, נאָר דורך הערן. פון דעם קומט אויך דער גמרא-וואָרט שמעתא. לויט דעם תוספות יום טוב שטאמט דאָס וואָרט מסכת פון מסכה יינה (משלי ט׳), ווייל ס׳איז ווי געשמאַקער וויין צוזאמענגעמישט מיט פארשידענע בשמים. אָדער פון וואָרט נסך, גיסן, ווייל עס איז ווי וואסער געגאָסן אויף א שטיין. לויט דעם ספר חסידים שטאמט דאָס וואָרט מסכת פון מסכת — וועבבאלקן ווי דער פסוק זאָגט — אם תארגי את שבע מחלפות ראשי עם המסכת (שופטים ט״ז, י״ג), ווייל א מסכת אין משניות איז ווי א געוועב פון א סך פעדים. צוזאמען זיינען פאראן 63 מסכתות, דער מדרש שיר השירים רעכנט בלויז 60 מסכתות. דאָס איז דערפאר וואָס די דריי מסכתות אין נזיקין: בבא קמא, בבא מציעא און בבא בתרא ווערן פארעכנט ווי איין מסכת. אויך סנהדרין און מכות זיינען פארעכנט ווי איין מסכת. די מסכתות זיינען איינגעטיילט אין פרקים און די פרקים אין משניות אָדער הלכות. ווען מען שרייבט למשל משנה „ברכות ה, ו״, מיינט עס דער פיפטער פרק און זעקסטע משנה פון מסכת ברכות.[6]

דער ערשטער און הויפּט-קוואל פאר דער אינטערפרעטאציע פון דער משנה איז דער תלמוד בבלי און ירושלמי. פון אָט די קוואלן שטראָמען ארויס די פירושים פון די גאונים און פון די פארשידענע מפרשים פון שפאניע, פראנקרייך, דייטשלאנד, איטאליע און פוילן. די קלאסישע פירושים אויף משניות זיינען ווי עס פאָלגט: דער פירוש רב האי גאון; פירוש רש״י פון רבינו שלמה בן יצחק (1040 — 1103); דער פירוש פון רמב״ם (1135 — 1204) מיט א הקדמה איבער תורה שבעל פה; (דער ערשטער משניות איז געדרוקט געוואָרן אין יאָר רנ״ב, מיטן פירוש הרמב״ם, פון שונצינא אין איטאליע). ר״ש, דער פירוש פון רבינו שמשון משאנץ; דער פירוש הרא״ש, פון רבינו אָשר אויף די ספרים זרעים און טהרות; רע״ב, דער פירוש פון רבינו עובדיה פון ברטנורא (1450 — 1510); תוספות יום טוב פון ר׳ יום טוב ליפמאן העלר (1579 — 1654); פירוש הגר״א (שנות אליהו); תפארת ישראל פון ר׳ ישראל ליפשיץ (1782 — 1860).

דער משניות איז געשריבן אין א קלאָרן בויגזאמען לשון וואָס אונטערשייד זיך שטארק פון דעם ליטערארישן און פאָעטישן סטיל פון תנ״ך העברייאיש. די משנה איז אייגנארטיק מיט איר ספעציפישן סגנון און פאָלקסטימליכע אויסדריקן, א סך

[6] לויט דער גמרא, זיינען די זעקס סדרים משניות בלויז א הונדערט חלק פון די זעקס הונדערט סדרים וועלכע האָבן עקזיסטירט אין די פריערדיגע דורות פארן סידור המשניות (חגיגה י״ד). אברהם אבינו (האָבנדיג מקים געווען די תורה איידער זי איז געגעבן געוואָרן) האָט לויט א טראדיציע געוואוסט פיר הונדערט פרקים אין מסכתא עבודה זרה, אנשטאָט די 5 פרקים וואָס מיר האָבן, (ע״ז י״ד). דאָס איבעריגע איז פארלוירן געוואָרן. אין ס׳ „שערי תשובה״ פון די גאונים (סי׳ כ׳) ווערט ציטירט פון רב האי גאון:
„דע מימות משה רבנו עד הלל הזקן היו שש מאות סדרי משנה כמו שנתנם הקב״ה למשה בסיני. ומן הלל ואילך נתמעט ונתמסכן העולם וחלשה כבודה של תורה ולא תקנו מהלל ושמאי אלא ששה סדרים בלבד... ומהלל עד נתן ש״א שנה והן הן סוף משנה״.

משניות ווערטער זיינען געבויט אויפן שטייגער פון אראמייאיש, באזייטיגענדיק טייל שווערע דקדוק כללים פון תנ"ך העברייאיש. יעדער וואָרט קומט אריינגעפּאסט, יעדער פראזע איז קורץ און שארף, קלאָר און דייטליך ווערן ארויסגעבראכט די הויפּט טעמען און גדרים פון דער אנגענומענער הלכה. אלץ ווערט דערקלערט פּינקטליך און אין ווינציג ווערטער (מועט המחזיק המרובה), נישטאָ קיינע איבעריקע אויסדרוקן. אסך ווערטער אין משניות זיינען פון גריכישן אָדער לאטיינישן אָפּשטאַם, דאָס ווייזט דעם איינפלוס אויף דער שפּראך פון דער באַרירונג מיט די יוונים און רומיים.

דער משניות איז אן אָפּשפּיגלונג פון אייגנארטיקן אידישן לעבנס-שטייגער פאר הונדערטער יאָרן פון זיין שאפונג, ספּעציעל שאפט זיך א בילד פון אידיש לעבן אין דער צייט פון זיין ענטגילטיקע רעדאקטירונג דורך רבי יהודה הנשיא.

דער אָנזאָג פון רבינו הקדוש הוי רץ למשנה יותר מן הגמרא (ב"מ ל"ג ע"ב) „לויף לערנען משנה..." איז תמיד טייער געהאלטן געוואָרן און ווירקליך אויס־געפאָלגט געוואָרן אין אלע דורות. יחידים, לומדים און חברות (גרופּענווייז) זיינען זיך זייט דאן עוסק אין לימוד המשניות אין אלע אידישע קהלות אויף דער וועלט.

דער משניות איז איבערגעזעצט געוואָרן אין פיל שפּראכן, אלטע און מאָדערנע. פיל ספרים און אונצייליגע אָפּהאנדלונגען זיינען געשריבן געוואָרן איבער דעם משניות: זיין ענטשטייאונג, רעדאקציע, צוזאמענשטעל, שפּראך און באדייטונג און זיין ווירקונג אויפן אידישן לעבנס-שטייגער. ווארשיינדליך איז די משנה שפּראך געווען דער לשון פון די געלערנטע בשעת דער המון האָט זיך באנוצט מיט ארמייאיש.

פון די מער באַוואוסטע היסטאָרישע אָפּהאנדלונגען זיינען דער „דורות הראשונים" רי"א הלוי און די פרקים „המשנה ביסודה", „מבוא המשנה" פון בריל, „דרכי המשנה" פון זכרי' פריינקל, „דקדוק לשון המשנה" פון משה צבי סיגעל, תרצ"ו, „מבוא אל נוסח המשנה" פון יעקב נחום עפּשטיין, ירושלים, תש"ח.

די „גלעד פּרעס" פּארדינט גראטולירט צו ווערן מיט א הארציגן יישר כח פון יעדן משניות לערנער פאר דער פּראכטפולער אויסגאבע מיט א נייעם שיינעם טעקסט, מיט נקודות, קאָרעגירט לויט די אָנגענומענע כללים פון נקוד. דער פּירוש אויסגעבעסערט פון די אריינגעפאלענע טעותים אין פריערדיקן דרוק.

די פארלעגער האָבן געהאט אין זייער געדאנק דעם אנזאָג פון הגאון רבי עקיבא איגר אין זיין צוואה צו זיין זון ר' שלמה איגר אז דער לעצטער זאָל למען השם דרוקן זיין ספר (תשובות רע"א) אויף גוטן פאפיר, שיינע אותיות, פיין געזעצט, שווארצע טינט, ווייל דער נפש ווערט באווירקט, דאָס וויסן ווערט אויסגעברייטערט און דער געדאנק סטימולירט לערנענדיק פון א שיין געדרוקטן ספר (הקדמה שו"ת רעק"א). דער רעזולטאט איז די דאָזיגע אויסערגעווויינליכע שיינע אויסגאבע פון משניות מיטן פירוש אין אידיש פון שמחה פּיעטרושקא ז"ל.

דער דאָזיגער איבערבליק איבער דער היסטאָריע פון משניות איז געווידמעט צו זיין אונפארגעסליכן אנדיינק. ער האָט ווירקליך זוכה געווען צו זיין א מזכה את הרבים אין שענסטן זין. יהי זכרו ברוך ותנצב"ה.

ברוקלין, ט"ו כסלו, תשט"ו.

מ. מ. ישר.